ביבליאטעק „יונג־וואלד".

פראלעטאריער פון אלע לענדער,
פאראייניקט זיך!

עסטער

# הירש לעקערט

מאסקווע — 1922



## הירש לעקערט

...און ווען מע וועט אין פּאָנים
געבן דיר א שפּיי,
זאָלסט ניט שווייגן דיינע סאָנים—
שפּיי צוריק מיט בליי!
(א רעוואָלוציאָנערע פאָלקס-ליד)

I

10 יוני 1902. איבער רוסלאנד געוועלטיקט די צאַרישע מאַכט, די מאַכט פון פריצים און קאַפּיטאַליסטן.

א גרויס וויסט פעלד הינטער שטאָט, עק ווילנע—דאָס „מי־ליטערישע פעלד". ס'איז טיף אין דער נאַכט און קיל. ווילנע שלאָפט. א טויטע שטילקייט.

אפן פעלד — א שטילע באַוועגונג. גאַנצע מאַכנעס סאָל־דאַטן, קאָזאַקן, פּאָליציי־לייט האָבן זיך אויסגעשטעלט אין ליניעס, אַרומגעצאַמט דעם גאַנצן פּלאַץ. זיי היטן טאָמער וועט עמיצער קומען שטערן דער אַרבעט, וואָס דאַרף דאָ אָפּגעטאָן ווערן אין דער דאָזיקער נאַכט.

אין מיטן פעלד שוועבט עפּעס אַרויס פונם פאַרטאָגיקן כוישעך. עפּעס א געבוי—א מין בימע, א סלופּ ווי א דאַלעד. נעבנ־ביי—א שוואַרצער פלעק,—א פריש אויסגעגראָבענער קייווער.

נעבן דעם עפּעס שטייט א הייפל מענטשן אין פאַרשיידענע מונדירן: געריכטס־באַאַמטע, אָפיצירן, זשאַנדאַרמען, פּאָליציי־לייט. ס'שימערן שוואַך זילבערנע און גאָלדענע קנעפּ, עפּאָלעטן, ס'קלינ־גען שפּאָרן.

זיי זיינען אומרואיק, די דאָזיקע לייט. זיי זיינען באַ־וואַכט פון הונדערטער, עפּשער פון טויזנטער באַוואָפנטע מענטשן—און דאָך שרעקן זיי זיך, קוקן זיך אום אומרואיק און אומגעדול־דיק: זיי דוכט זיך אַלץ, אַז ס'וועט דאָ זיין אַן אָנפאַל, אַז מע וועט זיי שטערן.

ס׳דערהערט זיך א פערד־געלאף, א רווישן פון רעדער. א שווארצע קארעטע באווייזט זיך בא דער ערשטער וואך־ליניע. צוויי מענטשלעכע געשטאלטן דערנעענטערן זיך צופוס צום מיטן פעלד, א פריסטאוו באגלייט אן ארים־געקליידעטן אידישן ארבעטער, א יונגן, קוים עטלעכע און צוואנציק יאר אלט. ער איז בלאס, אויסגע־מאטערט, אבער קרעפטיק, שטארק געבויט. ער גייט רואיק, מיט א פעסטן טראט, אונטער די הונדערטער גלייכגילטיקע אדער בייזע אויגן.

מע לייענט—א טויט־אורטייל. דער יונגער ארבעטער — הירש לעקערט—איז פארמישפעט צום הענגען. ער האט פרוואוו־דעט דעם ווילנער גובערנאטאר פאן־וואל.

וואס פאר א ציווילע פיגור, א שאפעלע, א פאכדאנעסדיקע, קריכט ציטעריק ארויס פון צווישן די מונדירן? דאס איז דער ווילנער ראבינער נעמזער. ער איז דא, קדיי געבן דעם „פארברע־כער״, וואס גייט אפן עשאפאט, דעם „לעצטן טרייסט״. ער גייט צו צו זיין אידישן ברודער. ער רופט אים פארן טויט טשואווע טאן אף זיין גרויסער זינד, וואס ער איז באגאנגען אף „לא תרצח״.

מיט קאלטער פאראכטונג קערט זיך פון אים אפ דער אידיי־שער ארבעטער. רואיק און גלייכגילטיק בלייבט זיין יונגער איינ־פאכער פאנים.

— „גייט אוועק פון מיר מיט אייערע קאמעדיעס״—זאגט ער קאלט.

מיט דעם זעלביקן רואיקן און פעסטן טראט גייט ער ארויף אפן עשאפאט. מע בינדט אים די הענט אהינטער. מע מאכט אים דערביי אן א גרויסן ווייטאג, דאס שפיגלט זיך אפ אף איין רעגע אף זיין פאנים. נאבער ער בלייבט שטיל און רואיק. קיין איין באוועגונג, קיין איין קרעכץ רייסט זיך ניט דורך דורך זיינע ליפן.

עס דוכט זיך, צווישן אַט די אַלע פֿרייע באַוואָפֿנטע מענטשן איז ער, דער אַרעסטאַנט, וואָס וועט אין אַ מינוט אַרום זיין אַ קאַלטער באַר־מיניען, דער פֿרייסטער, דער רואיקסטער פֿון אַלע. זיי שרעקן זיך. זיי זיינען אומרואיק. זיינע אויגן ווייזן ניט פֿון קיין שרעק.

עס פֿויקן זיך פֿאַנאַנדער די פּויקן. דער אַרבעטער שטעלט זיך אַליין אָפּן בענקל. דער הענקער טוט אָן דעם שטריק...

אַ פּאָר מינוט באַמבלט זיך אין די לעצטע קאַמפֿן דאָס, וואָס איז נאָר וואָס געווען אַ יונגער, בליענדיקער, שטאָלצער, שטאַרקער מענטש. נאָך אַ מינוט. אַלץ איז געענדיקט.

דער שטריק איז איבערגעשניטן. דער קערפּער פֿאַלט מיט אַ דומפּן קלאַפּ אַף די ברעטער פֿון עשאַפֿאָט. דער דאָקטאָר—אַ דאָקטאָר איז אויך דערביי—זאָגט, אַז מע קאָן באַגראָבן.

געשווינד אַרבעטן צענדליקער הענט. מע צענעמט די טליע. מע פֿאַרשיט דעם קייווער.

דאָס טויטן־העמד טראָגט דער הענקער אַוועק.—„דער זיגיוגע, זאָגט ער, וועט אויסקומען אָן דעם".

געשווינד אַרבעטן צענדליקער הענט. פֿאַרשאָטן איז דער קייווער פֿון יונגן אידישן אַרבעטער.

עס הילכן די ווערטער פֿון קאָמאַנדע. עס שטעלן זיך אויס די ליניעס. מע מאַרשירט אין שטאָט אַריין. מע זינגט.

און פֿירן פֿירט מען זיי, די אַלע לאַנגע רייען—איבערן פֿרישן קייווער.

ס'טופּען און טופּען די שווערע סאָלדאַטישע שטיוול, זיי קלאַפּן אָפּ דעם געוואוינטן, דעם איינגעכאַזערטן מיליטערישן שריט. און יעדער שריט—טרעט טיפֿער און טיפֿער איין דאָס פֿרישע בערגל.

דורכגעצויגן האָט דאָס גאַנצע כאיל איבערן קייווער. ס'איז שוין טאָג.

און ווייטער איז פּוסט און וויסט דאָס פעלד. אומעטום גלייך אויסגעטראָטן דורך שווערע סאָלדאַטישע שטיוול. קיין קלענסטער סימען פונם אָרט, וואו ס'איז נאָר וואָס געשטאַנען די טליע, וואו ס'איז באַגראָבן דער יונגער אַרבעטער מיט דעם איינ־פאַכן פּאָנים. אַף אייביק, דוכט זיך, האָט אים איינגעשלונגען די ערד. קיין שפּור, קיין זייכער ניטאָ, ווי קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען קיין הירש לעקערט.

און די מענטשן אין די מונדירן מיט די העלע קנעפּ זיינען שוין איצט רואיק. זיי זיינען אַוועק אהיים צו זייערע ווייבער. זיי האָבן זייער אוואורדע אָפּגעטאָן. ס'וועט שוין ניט אויפשטיין טכיאַס־האַמייסים דער יונגער אַרבעטער.

— ניטאָ ווי קיינמאָל אַף דער וועלט ניט געווען קיין הירש לע־קערט.

***

11 יוני 1922. שוין דאָס פינפטע יאָר הערשט איבער רוסלאַנד די ראַטנמאַכט, די מאַכט פון אַרבעטער און פּויערים.

20 יאָר איז אַוועק זינט יענער נאַכט, ווען מע האָט אין ווילנע אויפגעהאַנגען הירש לעקערטן.

די שטאָט ווילנע, וואו לעקערט האָט געקעמפט און איז געשטאָרבן, וואו ס'ליגן באַהאַלטן אַף דעם אַמאָליקן „מיליטערישן פעלד" זיינע ביינער,—געפינט זיך נאָך אין קלאַסן־סוינעס הענט.

אָבער עטלעכע שאָ פון ווילנע איז שוין ראַטן־ערד—ראַטן־ווייסרוסלאַנד. די הויפּטשטאָט פון ווייסרוסלאַנד, מינסק – איז שטענ־דיק געווען די ברודער־שטאָט פון ווילנע. מיט איין דויפּעק האָט דאָ און דאָרט געקלאַפּט דאָס לעבן. מיט גלייכע ליידן און פריידן, מיט

גלייכן האס און גלייכער ליבע, מיט גלייכן קאמף און גלייכער האָפענונג האָבן שטענדיק דאָ און דאָרט געלעבט די אַרבעטער.

דאָס, וואָס מע קאָן נאָך דערווייל ניט טאָן אין ווילנע, ווערט היינט געטאָן אין מינסק.

אַ גרויסער פּלאַץ — אין מיטן שטאָט. אַמאָל האָט ער געהייסן קאַטעדראַל־פּלאַץ. און נאָך האָט ער געהייסן — הויכער מארק. די הערשנדיקע קלאַסן פונם קאַנט האָבן אויף דעם פּלאַץ געהאַט זייער הויפּט־שטאַב. דעם גובערנאַטאָרס הויז. אַלע „פּריסוטסט־ווענע" ערטער. דאָס קרייז־געריכט. די גרעסטע בענק פון שטאָט. איינע אַקעגן דער אַנדערער קוקן זיך ביז איצט — די קאַטוילישע און די אָרטאָדאָקסישע קאַטעדראַלן. באַשיידן אין אַ געסל נעבנביי — דאָס קיילעכדיקע היטל פונם גרויסן בייסמעדרעש, אַרומגערינגלט מיט נאָך אַלטע שולן. די מויערן פון די גרעסטע גווירים. לאַנגע שורעס קראָמען. דער סאָכרישער קלוב, וואו מע פלעגט פאַרשפּילן פאַרמעגנס באַם גרינעם טיש.

אין מיטן פּלאַץ — אַ קליינער בולוואַר. דאָרט איז געשטאַנען אַ דענקמאָל דעם קייזער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם „באַפרייער פון די פּויערים".

איצט הייסט דער פּלאַץ — פרייהייטס־פּלאַץ. איצט איז אין גובערנאַטאָרס הויז — דער אויספּירקאָם פונם ראַט פון די ווייסרוסלענדישע אַרבעטערישע, פּויערישע, רויטאַרמייאישע און באַטראַקישע דעפּוטאַטן. איצט איז אינם קרייז־געריכט — דער פּאַלאַץ פון אַרבעט. אינם אַמאָליקן רייכסטן האָטעל פון שטאָט — אַ אידישער אַרבעטער־קלוב. פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס דענקמאָל — געבליבן אַ הוילער שטיין.

נאָר די געבעט־הייזער פון די דריי גלויבנס זיינען געבליבן אומבאַרירט. עס דוכט זיך, זיי קוקן זיך איבער צווישן זיך און

טיילן זיך מיט זייער אומעט און עלנטקייט אין זייעם נייעם, פרעמדן אַרום.

און אָט דער פּלאַץ איז היינט פאַרפלייצט מיט מענטשן. רויטאַרמייאישע טיילן, פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פאָנען, דעלעגאַציעס פון שכיינעסדיקע מיליטער־טיילן, פון אַנדערע שטעט, קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. מוזיק שפּילט. רויטע פאָנען שיינען. די פאַרטרעטער פון דער העכסטער מאַכט פון ווייס־רוסלאַנד, פון די אַרבעטער און פּויערים פון אַלע פעלקער פון ווייסרוסלאַנד האָבן זיך דאָ היינט פאַרזאַמלט אַרום דעם אָרט, וואו ס'איז געווען אַמאָל אַ דענקמאָל דעם מעכטיקן זעלבסטהערשער.

וואָס טוען זיי דאָ? צוליב וואָס האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט דאָ?

זיי לייגן אַ גרונטשטיין צו אַ דענקמאָל. אַ נייעם דענקמאָל אויפן אָרט פונעם אַמאָליקן דענקמאָל פון קייסער.

אַלע באַלקאָנען זיינען פול מיט מענטשן. אַלע אַרומיקע גאַסן זיינען פאַרפלייצט מיט אַ מענטשן־יאַם. מע שטייט און מע קוקט און מע כאַפּט די ווערטער.

וועמען שטעלט מען אַ דענקמאָל אויפן אָרט פון קייסערס דענקמאָל?

מע שטעלט אַ דענקמאָל אַ אידישן יונגן אַרבעטער, אַ שוסטער, וואָס איז געהאַנגען געוואָרן מיט 20 יאָר צוריק אין אַ פינסטערער נאַכט אויפן „מיליטערישן פעלד" אין ווילנע. אַן אַרבעטער, וואָס זיין קייווער איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. דעם אַרבעטער הירש לעקערט.

עס בויגן זיך פאַר אים די העלדישע זיגרייכע פאָנען פון דער רויטער אַרמיי. עס געבן אים אָפּ קאָוועד די טויזנטער ווייס־רוסישע אַרבעטער און פּויערים, פאַרזאַמלטע דאָ. עס איז אַרויסגע־

טראָגן לעקאָווועד אים די בלוט־רויטע שווערע סאַמעטענע פאָן פון דער ווייסרוסלענדישער ראַטן־רעפּובליק.

און די שטרענגע פּענימער פון די עלטערע קעמפער, און די לעבנסלוסטיקע אויגן פון דער יוגנט, און די פרישע שטימען פון די קינדער, און די רויטע פלאַמען פון די פאָנען, און דאָס בלאַנקע געווער אין די פעסטע פּראָלעטאַרישע אָרימס, און די טראָמפּייטן,— אַלין זאָגט:

הירש לעקערט, דו לעבסט! הירש לעקערט, דו ביסט אויפ־געשטאַנען טכיאַס־האַמייסים! הירש לעקערט—דו האָסט געזיגט!

און ס'שטייען גרויע מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל צוזאַמען מיט לעקערטן געלעבט, געאַרבעט, געקעמפט, וואָס האָבן איבערגע־לעבט די הויכע פרייד פון זיין טאַט, דעם גרויסן טרויער פון זיין יונגן טויט און דעם געוואַלטיקן נעקאָמע-געפיל צו זיינע הענקער—

און שטאָלץ גלייכן זיך אויס זייערע רוקנס, און העכער הויבט זיך זייער קאָפּ, און יונג שטראַלן זייערע אויגן.

הירש לעקערט—ניט אומזיסט האָבן מיר געליטן, ניט אומ־זיסט ביסטו געפאַלן! הירש לעקערט—דו האָסט געזיגט!

---

## II

פאַר וואָס האָבן די מענטשן אין צאַרישע מונדירן געהאַנגען הירש לעקערטן ?

פאַר וואָס שטעלן די אַרבעטער, פּויערים און רויטע אַרמייער אַ דענקמאָל הירש לעקערטן ?

ווייל הירש לעקערט איז געווען אַ קעמפּער פאַר דער אַרבעטער-זאַך, ווייל ער האָט אָפּגעגעבן זיין יונג לעבן פאַר דער אַרבעטער-זאַך, ווייל דער קאָוועד, דאָס גליק פון אַרבעטער-קלאַס איז אים געווען טייערער ווי זיין לעבן, ווי דאָס גליק פון זיין יונגן ווייב און פון זיין פּיצל קינד.

דערפאַר האָבן אים מיט אַ ווילדער סינע געהאַסט די גענעראַלן, פּאָליציי-באַאַמטע, די דינער פונם צאַר.

דערפאַר האָבן וועגן אים מיט ליבשאַפט און טרייהייט דערמאַנט זיינע ברידער, די אַרבעטער. דערפאַר לעבט זיין אָנדענקען אין זייערע נעשאָמעס. דערפאַר שטעלן זיי אים אַ דענקמאָל אַף דער הייליקער ראַטן-ערד.

שווער איז געווען דער קאַמף אין הירש לעקערטס צייטן.

די מאַכט פון דער צאַרישער זעלבסטהערשונג האָט געשטיקט און געדריקט דאָס גרויסע לאַנד. אַ הייפל פּריצים און קאַפּיטאַליסטן זיינען געזעסן אַפן קאַרק באַ איבער הונדערט מיליאָן אַרבעטנדיקע מענטשן, און האָבן געזויגן פון זיי דעם מאַרך. אַ מאַכנע זשאַנדאַרמען, פּאָליציי-לייט, אוריאַדניקעס האָבן אָפּגעהיט זייערע באַלעבאַטים. מיליאָנען פאַרפינסטערטע, פאַרטעמפּטע קינדער פון אַרבעטס-פאָלק, פּויערים און אַרבעטער, אָנגעטאָן אין

סאָלדאַטישע שינעלן, האָבן אונטער דער קאָמאַנדע פון פּריצישע זין מיט געוועך אין דער האַנט פאַרטיידיקט דעם קייסערס טראָן. א מאַכנע גאַלאָכים און ראַבאָנים פון אַלע גלויבנס פלעגן זונטיק און שאַבעס און טאָג־טעגלעך פאַרגיפטן די הערצער און מויכעס פון די מאַסן מיט רעליגיעזן סאַם.

פינסטערקייט און אומוויסנקייט פון אַרבעטס־פאָלק — אַף דעם האָט זיך אַממערסטן געהאַלטן די אונטערדריקונג. פינסטערקייט און אומוויסנקייט—דאָס איז געווען די פעסטונג פון צאַריזם. מיט אַלע קרעפטן האָבן די אונטערדריקער באַמיט זיך ניט צוצולאָזן קיין שטראַל ליכט צום פאָלק. מע האָט ניט געלאָזט עפענען קיין שולן פאַר אַרבעטער. מע האָט ניט דערלויבט קיין פאָרלעזונגען, ביבליאָטעקן, מע האָט געהיט לערער זאָלן אין די שולן ניט געבן קיין עמעסע קענטעניש די קינדער. די צייטונגען, די ביכער זיינען געווען אונטער צענזור, מע האָט פאַרבאָטן צו שרייבן דעם עמעס וועגן דעם, וואָס ס'טוט זיך אין לאַנד. מע האָט פאַרשלאָסן דעם מויל יעדן ערלעכן מענטשן. מע האָט ניט געטאָרט אָרגאַניזירן זיך, מאַכן פאַרזאַמלונגען.

און קדיי נאָך גרעסער מאַכן די פינסטערניש, האָט מען זיך געמיט אַריינצוטראָגן וואָס מער צעטיילונג און פיינטשאַפט צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן. מע האָט געהעצט אַלע פּראַוואָסלאַוונע אַקעגן ניט־פּראַוואָסלאַוונע, אַלע קריסטן אַקעגן ניט־קריסטן, אַלע ניט־אידן אַקעגן אידן. מע האָט מיט פאַרשיידענע אויסנאַמס־געזעצן אַקעגן ניט רוסן און באַזונדערס אַקעגן אידן געוואָלט באַשאַפן בא די רוסן א פאָרשטעלונג, אז זיי זיינען אַן אויס־דערוויילט פאָלק, אז זיי זיינען די הערשער. מע האָט די הונגעריקע רוסישע פּויערים, די עקספּלואַטירטע רוסישע אַרבעטער דורך דעם געוואָלט אָפּציען פון טראַכטן וועגן דעם, ווער ס'איז שולדיק אין זייערע צאָרעס: אין אַלץ זיינען שולדיק די ניט־רוסן און באַזונדערס

די אידן. ס'איז נאָך דאַנקען גאָט, וואָס ס'איז פאַראַן אַ צאַרישע רעגירונג, וועלכע היט אָפּ דאָס רוסישע פאָלק פון אָט די אַלע סאָנים זיינע.

אין דער פינסטערער געפענגעניש, אין וועלכער ס'האָבן זיך געמאַטערט אַלע אָרימע, אַלע אַרבעטנדיקע קלאַסן פון רוסלאַנד, איז געווען נאָך פינסטערער, נאָך שרעקלעכער פאַר די ניט רוסישע פעלקער. אָבער באַזונדערס שווערע קייטן האָבן געטראָגן אַף זיך די אידישע אַרבעטער.

אידן האָבן ניט געטאָרט וואוינען אומעטום. פאַר זיי זיינען געווען אויסגעטיילט עטלעכע גובערניעס,—„דער טכום". אפילע אין טכום האָבן זיי געמעגט וואוינען נאָר אין די שטעט און שטעטלעך. זעלטן ווער ס'האָט געהאַט רעכט צו וואוינען אין דאָרף. אידן פלעגן ניט צוגעלאָזט ווערן צו מלוכע־דינסט. אידן האָבן ניט געקאָנט אַרבעטן אַף מלוכע־זאָוואָדן, אַף אייזנבאַנען, אַף פּאָסט און טעלעגראַף. זיי האָבן ניט געקאָנט אַרבעטן אין קוילן־שאַכטן, וועיל שאַכטן געפינען זיך ניט אין שטאָט. אַף קיין פאַבריק האָבן זיי ניט געקאָנט צוקומען, אויב זי איז געווען אפילע אַ פערטל ווערסט הינטער שטאָט. אידן האָט מען ניט צוגעלאָזט צו בילדונג. אין די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן איז איינגעשטעלט געווען אַ פּראָצענט. פאַר אידן זיינען געווען באַזונדערע שטרענגע געזעצן אַף יעדן טריט און שריט.

רייכע און געבילדעטע אידן פלעגן קריגן „פּראַווע". זיי פלעגן זיך אויסקויפן פון די אויסנאַמס־געזעצן דורך אונטערקויפן די פּאָליציי. זיי פלעגן גוויווער זיין די פּראָצענטן דורך אָפּקויפן די לערערס, דורך דינגען גוואווערנאַנטקעס, זיי פלעגן שיקן זייערע זין און טעכטער שטודירן קיין אויסלאַנד.

אָבער די אָרימע אידן, די קליינע מענטשן און באַזונדערס די אַרבעטער האָבן געטראָגן אַף זייערע רוקנס די גאַנצע לאַסט פון דער

אידישער רעכטלאָזיקייט. זיי זיינען געווען דריי מאָל קנעכט. זיי זיינען געווען רוסישע בירגער. זיי זיינען געווען א ר ב ע ט ע ר. זיי זיינען געווען א י ד י ש ע אַרבעטער. זיי האָט געפּייניקט דער צאַר מיט זיינע זשאַנדאַרמען און פּאָליציי־לייט. זייערע „ברידער“, די אידישע גווירים, פאַבריקאַנטן, סאָחרים, שיינע באַלעבאַטים האָבן געצויגן פון זיי דאָס לעצטע ביסל בלוט. די ראַבאָנים, דאַיאָנים, גאַבאָים, קלאַל־יסראָעל־פאַרזאָרגער—האָבן זיי פאַרפירט און פאַרנאַרט מיט זייערע זיסע רייד וועגן קלאַל־יסראָעל: אַלע אידן זיינען ברידער. אַלע אידן ליידן נעבעך גלייך פון גוים. אַלע אידן דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען און באַשיצן איינע די אַנדערע—אַזוי האָט מען געלערנט דעם אידישן אַרבעטער... און ער האָט געפאָלגט. און האָט רואיק געטראָגן זיינע ליידן און האָט נאָך געהאַלטן דעם באַלעבאָס פאַר זיין ברויט־געבער און אין אים דאַנקבאַר געווען.

אַ יונגער אידישער אַרבעטער קאָן זיך איצט גאָר ניט מעשאַער זיין, וואָס פאַר אַ פאַרשקלאַפטע, נידערגעשלאָגענע באַשעפעניש איז געווען אַ אידישער אַרבעטער מיט דרייסיק יאָר צוריק. ער פלעגט אין שרעקלעכסטן שמוץ און פאַרשטיקעניש אַרבעטן פערצן, זעכצן, אַכצן שאָ אין מעסלעס (דאָנערשטיק די גאַנצע נאַכט)—פאַר אַ פּאָר רובל אַ כוידעש. ער פלעגט מיט אַ טעמפּן געדולד אַריבערטראָגן די גראָבסטע זילזולים, אַפילע קלעפּ פון באַלעבאָס און פון דער באַלעבאָסטע. פאַר דעם גוויר פלעגט ער האָבן דעם גרעסטן אָפּשיי. פאַר דעם ראָוו—אָוואַדע. פאַר אַ קנעפּל, פאַר אַ פּאָליציאַנט פלעגט ער ציטערן ווי פאַר פייער. מע האָט אים געמעגט באַליידיקן אַפן מיעסטן אויפן—ער פלעגט ווי אַ וואָרים ליגן אין שטויב און אַלץ אַריבערטראָגן.

ס'איז אָבער געקומען אַ צייט ווען אַלץ האָט זיך געביטן. די אַרבעטער פון רוסלאַנד האָבן דערפילט, אז ווייטער קאָן מען

אזוי ניט לעבן. זיי האָבן אָנגעהויבן א קאמף קעגן זייערע אונטער־דריקער—פאר בעסערע לעבנס־באדינגונגען, פאר א קירצערן אר־בעטס־טאג, פאר א העכערן לוין און פאר בעסערע באהאנדלונג. זיי פלעגן מאכן שטרייקן. פאליציי פלעגט זיך איינשטעלן פאר די באלעבאטימס קריוודע. די שטרייקער און באזונדערס זייערע רעדל־פירער פלעגט מען ארעסטירן, שלאָגן, ארויסשיקן, האלטן אין די טפיסעס און אין סיביר. די ארבעטער האָבן טבילעס געפרואווט שרייבן באקאשעס צו גענעראלן, אפילע צום קייסערס זון. דער־נאָך האָבן זיי זיך אָבער ארומגעזעען, אז דער קייסער און דער קאפיטאליסט—דאָס זיינען גוטע ברידער. און די ארבעטער האָבן אָנגעהויבן צו פארשטיין, אז קאָל־זמאן זיי וועלן ניט מאכן א סאָף צו דער זעלבסטהערשונג, וועלן זיי ניט קאָנען אויסבעסערן זייער לאגע. אז מע קאָן ניט פירן נאָר א קאמף פאר אויסבעסערן די לאגע—אָן עקאָנאָמיש ן. אז מע דארף קעמפן קעגן דער זעל־בסטהערשונג, קעגן דער גאנצער קאפיטאליסטישער אָרדענונג—פירן א פאָליטיש ן קאמף.

דאָס האָבן פון אָנהויב פארשטאנען נאָר יעכידים און הייפ־לעך. זיי האָבן אָבער ניט געשוויגן. דאָס, וואָס זיי האָבן פארשטא־נען, האָבן זיי דערציילט זייערע כאווירים אין די פאבריקן און ווארשטאטן. געוועז אויך צווישן די געבילדעטע מענטשן אזעלכע, וואָס האָבן ניט געקאָנט אריבערטראָגן דאָס אומרעכט און די אונ־טערדריקונג און האָבן פארשטאנען, אז די וועלט וועט לעבן יוי־שערדיק און גליקלעך נאָר דאמאָלס, ווען מע וועט מאכן א סאָף צו דער גאנצער קאפיטאליסטישער אָרדענונג און אויפבויען א סאָצי־אליסטישע. אזעלכע מענטשן האָבן פארלאָזט זייערע בורזשואזע קרוווים, האָבן זיך מיט לייב און לעבן אָפגעגעבן די ארבעטער, האָבן מיט זיי געליטן, געקעמפט און האָבן זיי געלערנט דעם עמעס. די באוואוסטזיניקע ארבעטער צוזאמען מיט אזעלכע אינטעלי־

גענטן האָבן געגרינדעט קרייזן און געפירט צווישן די ברייטע מאַסן א פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם. זיי פלעגן דרוקן אין געהיימע דרוקערייען צייטונגען, ביכלעך, בלעטלעך, וואָס האָבן ניט געוואוסט פון קיין צענזור און האָבן אָפט דערציילט דעם אַרבעטער דעם גאַנצן עמעס וועגן די רעציכעס פון צאַר, פון די פריצים און קאַפּיטאַליסטן. אין פּעטערבורג, מאָסקווע און אַנדערע שטעט האָבן זיך געגרינדעט „בונדן פון קאַמף פאַר באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס".

אַזאַ „בונד" האָט זיך אויך געגרינדעט צווישן די אידישע אַרבעטער אין ליטע און פּוילן. אין 1898 יאָר זיינען זיך פאַר־טרעטער פון די דאָזיקע „בונדן" צונויפגעקומען אין מינסק אַף א צוזאַמענפאָר און האָבן געגרינדעט די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס־פּאַרטיי פון רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט,—די „רוסלענדישע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי". דער אידישער „בונד" איז געוואָרן א טייל פון דער רוסלענדישער ס.־ד. א. פּ.

די זעלבסטהערשונג האָט ניט געשוויגן. מאַכנעם שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען האָבן נאָכגעשפּירט די „פאַרדעכטיקע" אַרבע־טער. מע פלעגט אַרעסטירן, יאָרן־לאַנג האַלטן אין די טפיסעס, פאַרשיקן. ס'פלעגט אָבער ניט העלפן. נייע און נייע קעמפער פלעגן זיך אַרויסרוקן אַפן אָרט פון די אַרעסטירטע. אַלץ מער אומלעגאַלע צייטונגען, בלעטלעך, ביכלעך פלעגן דערשיינען. אַפן אָרט פון אַנטדעקטע און פאַרניכטעטע געהיימע דרוקערייען פלעגט מען איינ־אָרדענען נייע.

פריער איז דער סאָציאַליזם געווען באַהאַלטן אין געשלאָ־סענע קרייזלעך. איצט בילדן זיך שוין אויס גרעסערע ס.־ד. אָרגאַ־ניזאַציעס. אַלץ ברייטערע קרייזן אַרבעטער געטרויען זיי, גלויבן זיי, קומען צו זיי בשעת א נויט. צענדליקער גרויסע שטעט זיינען אַרומגענומען מיט דער באַוועגונג. עס גרינדן זיך ס.־ד. קאָמיטעטן

אין דאָרעם, אין צענטראַל־רוסלאַנד, אַף קאַווקאַז, אַף אוראַל, אַף דער וואָלגע, אין פוילן.

זייער שטאַרק פאַרשפּרייטן זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען צווישן די אונטערדריקטע, רעכטלאָזע אידישע אַרבעטער. אין זייערע גרויסע אוממענטשלעכע יעסורים, אין זייער טיפער דער־נידעריקונג שיינט פאַר זיי אויף אַ שטראַל פון באַנייאונג, פון האָ־פענונג. די שטילע שקלאַפן, די ווערים הויבן אויף די קעפּ. זיי דערלאַנגען זיך איינע די אַנדערע די הענט. זיי פאַראייניקן זיך צום קאַמף פון זייערע רוסישע, פוילישע און ליטווישעכאַוויירים. זיי דער־פילן זיך ווי מיטגלידער פון דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער מישפּאָכע פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט. זיי דערפילן און באַנעמען דעם גאַנצן אָפּגרונט, וואָס טיילט זיי אָפּ פון זייערע „ברידער“, די רייכע גאַזלאָנים, פון די באַלע־טויוועס, גווירים, קליי־קוידעש, באַלעבאַטים.

די אידישע אַרבעטער דערפילן זייער פּראָלעטאַרישע וויר־דע. זיי לאָזן זיך מער ניט טרעטן מיט די פיס. זיי טרעטן אַריין אין קאַמף מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרן. זיי פאַרלירן זייער דע־רעכערעץ פאַרן גראָבן טייסטער, פאַרן ראָוו, פאַרן שיינעם אידן. זיי הערן אויף מוירע צו האָבן אויך פאַרן צאַר און זיינע מעשאָר־סים. ס'וועקט זיך אויף אין זיי אַ גרויסע שטרעבונג צו באַוואוסט־זיין, צו בילדונג. זיי זיינען גרייט אַף די נרעסטע קאָרבאָנעס, קדיי הערן אַ סאָציאַליסטיש וואָרט, לייענען אַ סאָציאַליסטיש ביכל.

די פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע זיינען אויסער זיך. זיי דערקענען ניט דעם פריערדיקן פּאַכדאָנעסדיקן, ציטערדיקן, דער־נידריקטן אידישן אַרבעטער. זיי ריידן מיט צאָרן וועגן דער„אידישער כוצפּע“. וועגן דער „אידישער כוצפּע“ שרייבט מען באַזונדערע צירקוליאַרן.

מע הייסט די ראַבאָנים, זיי זאָלן שטראָפן די אַרבעטער אין די באָטע־מעדראָשים. ראַבאָנים און שיינע באַלעבאַטים זאָגן מוסער. עס העלפט ניט. די „כוצפע“ וואַקסט.

...„דער אידישער אַרבעטער, גווירישער קאָרבן,
הויבט אויף שוין פון פרייהייט די פאָן!“

עס קומען פאַר שטרייקן, מאַניפעסטאַציעס, דעמאָנסטראַציעס. אין די גאַסן פון וואַרשע, לאָדז, ווילנע, דווינסק, מינסק, האָמעל, קאָוונע און פיל קלענערע שטעט און שטעטלעך באַווייזן זיך רויטע פאָנען מיט פוילישע, אידישע, רוסישע אויפשריפטן: „אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!“, „זאָל לעבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“. די פּאָליציי, די בורזשואַזיע זעט דאָס צו, אויסער זיך פאַר פּאַכאַד און צאָרן.

און אין דער זעלבער צייט וואַקסט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אומעטום—אין אַלע עקן פון גרויסן לאַנד. ניט נאָר אַרבעטער. סטודענטן מאַכן שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס, ס'הויבן זיך ווייטער אָן פויערשע בונטן. גאַנצע גובערניעס ווערן אַרומגעכאַפּט מיטן פלאַקער פון אַזעלכע בונטן. פויערים פאַלן אָן אַף די פריצישע הויפן, טרייבן אַרויס די פריצים, צעטיילן זיך מיטן קאָרן און מיט די בעהיימעס, פאַראַקערן די ערד. מע פאַרטרינקט די בונטן אין טייכן בלוט. מע שמייסט און צעשיסט די פויערים מאַסנווייז. עס העלפט ניט.

מע פרואווט אַלערליי מיטלען. מע צעטרייבט די אַרבעטער מיט פערד, מיט נאַהאַיקעס, מיט געווער. מע פאַרמערט די צאָל שפּיאָנעס, זשאַנדאַרמען. מע האַלט טאָג און נאַכט אונטערן ביקס די מיליטערישע קאַראַולן. מע פרואווט אויך אויסגעפינען פאַררעטער צווישן די רעוואָלוציאָנערן. מיט פייניקונגען און צוזאָגענישן דערשלאָגט מען זיך פון שוואַכע יעכידים, זיי זאָלן ווערן פּראָוואָקאַטאָרן, ד. ה. זיי זאָלן בלייבן אין די אָרגאַניזאַציעס אונטער דער

מאסקע פון געטרייע רעוואָלוציאָנערן, דערגייען אַלע סוידעס און ארויסגעבן. מע פּרואווט אויך אָפּנאַרן די אַרבעטער ביקלאַל און די אידישע ביפּראַט מיט צוקערלעקעכלעך. מע זאָגט זיי צו גאָל־דענע בערג—אויב זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון דעם קאַמף קעגן קייסער: מע וועט זיי דערלויבן לעגאַלע (אָפענע) פאַראייניגען, פאַר־זאַמלונגען, מע וועט זיך אָננעמען זייער קריוודע בא די באַלעבאַ־טים, מע וועט זיי געבן געלט אַף אַן אַרבעטער־צייטונג. ספּעציעל פאַרנעמט זיך מיט דער דאָזיקער מלאָכע דער מאָסקווער זשאַנדאַרם זובאַטאָוו. אים גיט זיך איין אייניגע עטלעכע מענטשן, און אין מינסק אַנטשטייט אַ גאַנצע זובאַטאָווישע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אַרבעטער אונטערן נאָמען „אומאָפּהענגיקע אידישע אַרבעטער־פּאַר־טיי", מיט לעגאַלע פאַרזאַמלונגען, מיט לעגאַלע פאַראייניגען. אָבער נאָר אַ קליינער טייל פון די אַרבעטער און נאָר אין אַ פּאָר שטעט לאָזט זיך אַזוי פאַרנאַרן. די גאַנצע מאַסע גלויבט ניט די זיסע צוזאָגענישן. זי בלייבט אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציאָ־נערער אַרבעטער־פּאַרטיי.

די נאַהאַיקעס און אַרעסטן העלפן אויך ניט. די אַרבעטער ווערן אַלץ פעסטער בא זיך. עס טרעפן זיך אַלץ אָפטער פאַלן, ווען אַרבעטער דערלאָזן פּאָשעט ניט די פּאָליציי צו אַרעסטירן זייערע כאַווײרים, ווען ס'קלייבן זיך צונויף גאַנצע מאַסן אַרבעטער און באַפרייען אַרעסטירטע, און די פּאָליציי מיט די קאָזאַקן קומט אויס צו אַנטלויפן פון די פאַבריקן אונטער אַ האָגל פון שטיינער. שפּיאָ־נעס, פּראָוואָקאַטאָרן געפינט מען דערהאַרגעטע. די „כוצפּע" וואַקסט.

אין 1900 יאָר, לעמאָשל, האָט דער זעלביקער הירש לע־קערט בערויש פון פינף הונדערט אידישע אַרבעטער מיט געוואַלט באַפרייט פון פּאָליציי־לאָקאַל 3 אַרעסטירטע כאַווײרים. שפּעטער האָט ער ווייטער באַפרייט אַן אַרעסטירטן כאַווער פון שפּיטאָל.

אזעלכע פאקטן זיינען פארגעקומען אין א סאך ערטער. אין 1901 יאר האט די פעטערבורגער פאליציי געדארפט אויסהאלטן א גאנצע שלאכט מיט די ארבעטער פון אבוכאווער זאוואד, וועלכע האבן ארגאניזירט א זעלבסטשוץ און האבן זיך פארטיידיקט מיט וואס זיי האבן נאר געקאנט.

די צארישע באנדע וויים ניט, וואס צו טאן. זי זוכט אלץ שארפערע מיטלען.

III

צום ערשטן מאי 1902 יאָר האָט מען זיך געגרייט פון ביידע צדדים—אי באַ די אַרבעטער, אי באַ דער פּאָליציי.

די אַרבעטער־באַוועגונג איז צו יענער צייט אַלץ מער גע־וואָרן אַ פּאָליטישע. פריער האָבן פיל סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַלטן, אַז צו אַרבעטער קאָן מען ניט צוגיין מיט אַ מאָל מיט דער גאַנצער טוירע. קוידעם דאַרף מען מיט אים ריידן נאָר וועגן קאַמף פאַר אַ גרעסערן געהאַלט, פאַר אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג, פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען. ביסלעכווייז וועט ער פאַר־שטיין, אַז דער קייסער איז אַ גוטער פריינט זיינע באַלעבאָטים, אַז מע מוז קעמפן מיטן קייסער אויך. און ווען ער וועט ווערן גאָר באַוואוסטזיניק, וועט ער דערזעען, אַז אין יענע לענדער, וואו קיין קייסער איז ניטאָ, ווערן די אַרבעטער אויך עקספּלואַטירט און אַז מע דאַרף קעמפן פאַרן סאָציאַליזם. אין אייניקע ערטער, ווי לעמאָשל אין פּעטערבורג, האָט מען טאַקע אַ לאַנגע צייט גע־האַלטן נאָר אין אָרגאַניזירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף. אין אידישן „בונד“ איז אויך די ערשטע יאָרן אַלץ געווען געבויט אַף עקאָנאָ־מישע שטרייק־קאַסעס.

אָבער די וויטזיכטיקערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך גיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ וועג. זיי האָבן דערזעען, אַז דער ערשטער עקאָ־נאָמישער שטרייק שטויסט שוין די אַרבעטער צו פּאָליטישן קאַמף. זיי האָבן דערקלערט אַ קאַמף די „עקאָנאָמיסטן“ און געפאָדערט, מע זאָל איבערבויען די גאַנצע אַרבעט אַפן יעסאָד פון רעוואָלו־ציאָנערן פּאָליטישן קאַמף. באַזונדערס פיל האָט אין דעם אויפ־

געטאָן די ס. ד. צייטונג „איסקרא" (פונק), וועלכע האָט אָנגעהויבן ארויסגיין אין סאָף 1900 יאָר אין אויסלאַנד. בערויש פון „איסקרא" איז צוזאַמען מיט אַנדערע געשטאַנען כאַוועך לענין, וועלכער האָט אומבעראַכמאָנעסדיק געקעמפט קעגן „עקאָנאָמיזם".

„איסקרא" האָט אויסגעפירט. אונטער איר ווירקונג איז די ארבעטער־באַוועגונג אַלץ מער ארויף אפן וועג פון רעוואָליוציאָנערן פּאָליטישן קאַמף.

אין „בונד" האָט דאָס אויך געמוזט פּאָרקומען. בענויגייע צו אידישע ארבעטער האָט די פּאָליציי געמאַכט נאָך ווייניקער צערע־מאָניעס, איידער בענויגייע צו אַנדערע. די אידישע רעכטלאָזיקייט האָט דעם איד׳שן ארבעטער נאָך מער געשטופּט צו דירעקטן קאַמף קעגן צאַריזם.

די מאַי־דעמאָנסטראַציע פון 1902 יאָר גייט אין גאַנץ רוס־לאַנד דורך אונטערן לאָזונג: „אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!"

מע גרייט זיך צו דער דעמאָנסטראַציע אויך אין ווילנע, איז די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס, ווייס מען, אַז ס׳וועלן זיין געוואַלט־טאַטן, אַז ס׳וועלן זיין קאָרבאָנעס. מע האַלט אָבער, אַז מע מוז דע־מאָנסטרירן. מע אַגיטירט, מע פאַרשפּרייט טויזנטער אויפרופן, מע גרייט זיך מוטיק.

אין טכום פלעגט מען פייערן דעם ערשטן מאַי לויט דעם נייעם סטיל, דעם 18־טן אפּריל.

און אומעטום ריכט זיך די פּאָליציי און מאַכט אירע האַכאָ־נעס. עס ווערן פאַנאַנדערגעשיקט מיליטערישע באַפעלן וועגן אונ־טערדריקן די דעמאָנסטראַציעס מיט געווער. איין צירקוליאַר הייסט דעם כאַיל „האַנדלען אַנטשיידן און ניט אָפּשטעלן זיך פאר קיין זאַך."

מאי אויפרופן האָט מען אין ווילנע פֿאַרשפּרייט אַף רוסיש, אידיש, פּויליש—פון „בונד“, פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן און ליטע, פון פּ. פּ. ס., ספּעציעלע רוסישע אויפרופן פון דער ר. ס. ד. א. פּ. צו די אָפיצירן און סאָלדאַטן—מע האָט די אויפ־רופן געטיילט אין די הענט, אונטערגעוואָרפן אין די הויפן, אויס־געקלעפּט. פּאָליציי האָט געקערט די ווענט. א באַטאַליאָן סאָלדאַטן איז געשטאַנען אונטערן ביקס. אָפיצירן האָבן געגעכטיקט אין די קאַזאַרמעס, קאָזאַקן האָבן אַרומגעריטן איבער די גאַסן, געשטאַנען אַף דער וואַך. דאָס האָט געדויערט עטלעכע טעג.

דעם טאָג פון 18־טן אַפּריל האָט מען אין שטאָט־גאָרטן קיי־נעם ניט אַריינגעלאָזט. אין נאָוגאָראָד (פֿאָרשטאָט פון ווילנע) זיינען אַלע הויף־וועכטער געשטאַנען מיט שטעקנס, אין שטאָט האָט מען פאַרמאַכט די טויערן 4 אַ זייגער באַטאָג און עס איז באַפּוילן געוואָרן אַריין און אַרויסלאָזן נאָר באַקאַנטע. איבער דער שטאָט זיי־נען אומגעפאָרן רייטערס. צו אָוונט צו זיינען איינציקע גאַסן, וואָס פירן צו דייטשע און ברייטע גאַס (די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט) אָפּגעצאַמט געוואָרן. אין די איבעריקע האָט פּאָליציי געטריבן, ניט געלאָזט זיך אָפּשטעלן. ס'האָט זיך קעגן האַלב אַכט אין אָוונט אָנ־געקליבן פון אַלע עקן שטאָט אַ גרויסע מאַסע אַרבעטער. מע האָט זיי ניט צוגעלאָזט אַף די צענטראַלע גאַסן. אַף דייטשער גאַס האָט זיך דער אוילאָם צעשפּרייט איבער דער גאַס. מע האָט געוואַרט אַף די פּוילישע כאַוויירים, זיי האָבן אָבער נאָך ניט באַוויזן צו קומען; און דאָ זיינען די געסלעך געווען אָפּגעצאַמט און מע האָט זיך ניט גע־קאָנט פאַראייניקן. ס'איז געבליבן באַ די אָרגאַניזאַטאָרן אָפּצולייגן די דעמאָנסטראַציע. אָבער איין גרופּע האָט וועגן דעם ניט געוואוסט, מע איז אַרויס אין מיטן גאַס, דער פאָנענטרעגער האָט פאַנאַנדערגע־וויקלט די רויטע פאָן, מע האָט אָנגעהויבן שרייען: —„נידער די זעלבסטהערשונג!“

באלד האָבן זיך אַף די דעמאָנסטראַנטן אַ וואָרף געטאָן די פּאָליציי־לייט—פּריסטאַוועס, פּאָליציאַנטן, וועכטערס—און גענומען שלאָגן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען אָנגעקומען קאָזאַקן. זיי האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אַף דעם פאָנענטרעגער, געשלאָגן אים מאַקעס רע־צאַך, געשמיסן מיט זייערע נאַהאַיקעס, צעהאַקט אַף אים די בגאָ־דים. ער האָט זיך באַוואַשן מיט בלוט, האָט אָבער ניט אַרויסגעלאָזט די פאָן פון די הענט און ניט אויפגעהערט צו שרייען „נידער די זעלבסטהערשונג" ביז וואַנען ער האָט ניט געכאַלעשט.

אַן איידעס דערציילט, ווי די פּאָליציי האָט דאַמאָלס אַרויס־געריסן פון דעם געכאַלעשטנס הענט די פּראָלעטאַרישע פאָן, אַף וועלכע די אַרבעטערינס האָבן אין די לאַנגע נעכט מיט ליבשאַפט און פרייד אויסגענייט די טייערע ווערטער פון קאַמף, ווי אַזוי די מיעסע צאַרישע הינט האָבן מיט טריאומף אַוועקגעטראָגן צו זיך די צעריסענע פאָן, באַוואַשן מיט בלוט פון פאָנענטרעגער.

פּאָליציי האָט געווילדעוועט, אַרעסטירט, געשלאָגן דעם גאַנצן אָוונט.

אַרעסטירט האָט מען באַ 60 מענטשן.

אין דעם זעלביקן אָוונט איז פאָרגעקומען אַ מאַניפעסטאַציע אויך אין שטאָטישן טעאַטר. אַ גרופּע כאַווייִרים האָבן בשאַס דער פאָרשטעלונג צעשאָטן פון דער גאַלערייע פּעקלעך קורצע קאַרט־לעך מיט אַזאַ אינהאַלט: „מיר גראַטולירן מיטן ערשטן מאַי—דעם אַלוועלטלעכן מאַי־יאָמטעוו! אַראָפּ די זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די פּאָליטישע פרייהייט!"

פּאָליציי איז גלייך געקומען אַף דער גאַלערייע, ד..ט קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט. נאָך דער פאָרשטעלונג האָט מען געמאַכט אַרעסטן. מע האָט אַרעסטירט באַ 80 מאַן.

אָבער דאָס שלאָגן אין גאַס—די אַרעסטן—דאָס איז אַלץ

געוועז נאָד אַן אָנפאַנג: דאָס ערגסטע האָט נאָך אַף די אַרעס־טירטע געוואַרט.

דער ווילנער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל האָט געפונען אַ נייעם מיטל, ווי אַזוי אָפּצולערנען די אידישע אַרבעטער פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דאָס מיטל איז געווען—דערנידעריקן, אָפּנעמען די ערע. דאָס מיטל איז געווען—לייב־שטראָף, שמיץ.

מע האָט די אַרעסטירטע געבראַכט אין פּאָליציי. דעם גאַנצן וועג האָט מען זיי אַכזאָריעסדיק געשלאָגן. אין פּאָליציי האָט מען ווייטער געשלאָגן. מע האָט זיי פאַרשפּאַרט אין אַ קליינינקן צימערל, ס'איז געווען אַזוי ענג, אַז אַלע האָבן די גאַנצע נאַכט געמוזט שטיין. אין זעלביקן אָוונט איז פאָן־וואַל געקומען אין פּאָליציי און געזאָגט צו די אַרעסטירטע: „נו, גוטן אָוונט, זשידאָוויאָ! וואָס מאַכט איר? איר וועט ווייטער מאַכן אַזעלכע שטיק?" דערנאָך האָט ער זיי דערקלערט, אַז אויב זיי וועלן אַ צווייטן מאָל מאַכן דעמאָנסטראַציעס, וועט מען זיי שיסן, און מאָרגן וועט מען זיי שמייסן.

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט מען זיי אַרויסגעפירט אַפן הויף. פאָן־וואַל האָט זיי געזידלט מיט די גרעבסטע זילזולים. דער פּראָקוראָר האָט פאַר זיי געהאַלטן אַ רעדע. זאָלן זיי ניט מיינען, אַז מע האָט פאַר זיי מוירע. מע וועט זיי באַלד אַזוי קאַטעווען, אַז זיי וועלן שוין ווייטער ניט קאָנען דעמאָנסטרירן.

דערנאָך האָט מען געבראַכט אַ באַנק, ספּעציעל געמאַכט צו דער עקזעקוציע: איין ברעטל האָט אונטערגעשפּאַרט אונטערן פּאָנים, און דאָס צווייטע האָט מען אַריינגעלייגט אין מויל. מע האָט יעדערן איינציקווייז גענומען און אויסגעטאָן. איין קאָזאַק (אָדער פייערלעשער) האָט זיך געזעצט אַפן קאָפּ, דער צווייטער אַף די פיס, און אַ דריטער האָט געשמיסן 25 שמיץ. אייניקע האָבן באַקומען 50. דאָס האָט געדויערט דעם גאַנצן טאָג. מע האָט אַזוי שטאַרק

געשלאָגן אז נאָך צען שמיץ פלעגן שוין פון די ריטער בלייבן בלויז שטעקלעך, די שמייסער פלעגן מיד ווערן און בייטן זיך. פאָן־וואל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און האָט געקאָמאַנדירט: ניט אָפּט! לאַנגזאַם! איינס, צוויי—און אזוי ווייטער.

ס'איז דערביי געווען אויך אַ דאָקטאָר — מיכאַילאָוו איז געווען זיין נאָמען. ער האָט אַף יעדן געזאָגט, אַז מע מעג שמייסן. מענטשן פלעגן כאַלעשן פון ווייטאָג, פלעגט מיכאַילאָוו אָפּמינטערן און זאָגן: מ'קאָן שמייסן ווייטער.

אייניקע האָט מען ניט געשמיסן. דאָס זיינען געווען אויך די אַרעסטירטע אין טעאַטר. מע האָט זיי מיט געוואַלט געצוואונגען צו שטיין און צו קוקן אַף די מוירעדיקע יעסורים פון זייערע ברידער.

ס'זיינען געווען צופעליק פאַרכאַפּטע. איינער אַ קלויזניק מיט לאַנגע ציצעס האָט זיך געבעטן באַפרייען, דערציילט, אַז ער האָט אַ האַרץ־פעלער. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס מאַכט ניט אויס. צופעליק אַרעסטירטע קריסטן האָבן זיך געציילעמט. ס'האָט אויך ניט געהאָלפן. איין אַרבעטער (אַ קריסט) האָט צוויי מאָל געכאַלעשט. מע האָט אים אויפגעמינטערט און ווייטער געשלאָגן. ניט קוקנדיק אַף די פאַרשטאָפּטע מיילער, זיינען די געשרייען געווען אַזעלכע געוואַלטיקע, אַז די פרויען, וואָס זיינען געווען אַרעסטירט, האָבן געכאַלעשט.

צווישן די 26 געשמיסענע זיינען געווען 20 אידישע און 6 פוילישע אַרבעטער.

מע גיט איבער, אַז דערנאָך האָט פאָן־וואל געזאָגט צו זיינע קאָרבאָנעס: „נעכטן האָט איר מיך גראַטולירט צום ערשטן מאַי. היינט גראַטוליר איך אייך צום ערשטן מאַי."

*
**

ניט נאָר אין ווילנע האָט מען געשמיסן, די זעלביקע זאַך האָט מען געטאָן אויך אין מינסק. דאָרטן האָבן די אַרבעטער געמאַכט אַ

מאַניפעסטאַציע אין שטאָט־טעאַטר דעם 6־טן מאַי, ניקאָלאַי דעם צווייטנס געבורטסטאָג. אַזעלכע טעג איז געווען אַ מינהעג, אַז די אַרטיסטן פלעגן זינגען דעם הימן „גאָט באַהיט דעם צאַר!“

ווי נאָר די אַרטיסטן האָבן גענומען זינגען, האָט פון גאַלעריע גענומען רעגענען מיט בלעטלעך און ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען: „נידער די זעלבסטהערשונג“ און אַ פייפעריי אַף ספּעציעל צוגע־גרייטע פייפלעך.די אַרטיסטן האָבן געזונגען און די גאַלעריע האָט די גאַנצע צייט געפייפט און געליאַרעמט. דאָס גאַנצע פּובליקום האָט געלייענט די פּראָקלאַמאַציעס. פּאָליציי האָט זיך געוואָרפן אַף דער גאַלעריע. 150 מאַן האָט מען אַרעסטירט און צעפירט אין די צירקלען. דערנאָך האָט מען אַ טייל באַפרייט און איבערגעלאָזט אַזעלכע, אַף וועלכע מע האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט.

אין די צירקלען האָט מען מיט די אַרעסטירטע געטאָן דאָס זעלביקע, ווי אין ווילנע. אין ערשטן צירקל האָט מען אייניקע גע־געבן ביז 40 שמיץ. אין צווייטן האָט מען געשלאָגן מיט נאַהאַיקעס, אין פינפטן — מיט אַ גומענער קישקע.

IV

פאַן־וואַל האָט אָבער געהאַט אַ טאָעס. די אידישע אַרבעטער זיינען שוין ניט געווען די אונטערטעניקע שקלאַפן, וואָס פריער. אין זיי האָט שוין דערוואַכט די מענטשן־ווירדע. מע האָט זיי שוין ניט געקאָנט דערשרעקן.

אַן אַרבעטער, וועלכן מע האָט געצוואונגען צו שטיין באַם שמייסן ־די ווילנער כּאוויירים, האָט געשריבן:

...„טרערן שטיקן מיך איצט, און איך מוז זיך אָפּרוען, נאָר דאַן האָב איך געפילט אין האַרצן, אין קאָפּ נאָר אַ געפיל „ראַכע און האַס". איך גלויב, אַז באַ יעדן אָרנטלעכן מענטשן וועלן זיך דערוועקן די זעלביקע געפילן, ווען ער וועט נאָר דערהערן די דאָזיקע געשיכטע..."

אַ מינסקער אַרבעטער שרייבט:

„... איך בין ניט אימשטאַנד צו באַשרייבן די סצענעס, וועלכע זיינען נאַכהער פאָרגעקומען אין קאַמער. איינער איז געלעגן אין כאַלאָשעס. אַ צווייטער איז שיר פון זינען ניט אַראָפּ, ער האָט געוויינט און געשלוכצט אין דער זעלבער צייט און נאָר דאָס וואָרט „ראַכע" האָט אים איינגעשטילט. דער דריטער האָט זיך געשלאָגן מיטן קאָפּ אין וואַנט א. א. וו..."

אַ כאַווערטע, אַן אַרבעטער־טוערין פון יענער צייט, דערציילט: אין שטאָט האָט געקאָכט. דאָס קליינבירגערטום האָט געקוואָלן פאַר נאַכעס.

„אָנגעלערנט די יונגאַטשעס".

פאָן־וואַל האָט דערפילט דעם האַרציקסטן וואונש פון זיי אי־רישע קרעמער און באַלעבאַטים.

דער אַרבעטערינס טאַטע, אַ פרומער פאַנאַטישער איד, אַ קליינבירגער, איז אויך געוועזן זייער צופרידן. די טאָכטער האָט אים אָבער געזאָגט:

— וואַרט, ס'וועט זיך דערמיט ניט ענדיקן, מע וועט פון פאָן־וואַלן נעקאָמע נעמען...

ווי אַ געשריי פון טויזנטער הערצער האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס וואָרט „נעקאָמע!" ס'איז ניט געווען קיין טעאָרעטישע באַטראַכטונג, קיין דיסקוסיע. ס'איז געווען אַ סטיכישער דראַנג — „נעקאָמע!"

יעדער אַרבעטער, יעדע אַרבעטערין אין ווילנע, מינסק, דווינסק, אין גאַנצן טכום האָט געפילט, אַז פאָן־וואַלס שמייַן האָבן געטראָפן יעדערן, יעדערן באַזונדער, די גאַנצע מאַסע.

ס'איז געווען אַ געוואַלטיק אויפפלאַקערן פון פראָלעטאַרישער סאָלידאַרישקייט, ס'האָט ניט געלאָזט רוען.

די ווילנער אָרגאַניזאַציעס פון ר. ס. ד. אַ. פּ., בונד, ליטווישע ס.־ד־פּאַרטיי און די ס.־ד־פּאַרטיי פון פוילן און ליטע האָבן אַרויסגעלאָזט אַ בלעטל וועגן די געשעענישן. דאָס בלעטל רופט די אַרבעטער און אַלע אונטערדריקטע צום קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. עס דערקלערט, פאַרוואָס די צאַרישע רעגירונג קעמפט באַזונדערס אַכזאָריעסדיק אין די גרעניץ־געגנטן. „אין אונזער געגנט, באַפעלקערט דורך פּאָליאַקן, ליטווינער, אידן, וועלכע זיינען פאַראַכטעט אין די אויגן פון דער צאַרישער רעגירונג, שיקט זי די מוראַוויאָווס, די פאָן־וואַלס, די אַלע אויסוואורפן, וועלכע זי האָט שוין ניט אַוואו אַהינצוטאָן." דאָס בלעטל שטעלט אַרויס צום שאַנדסלופּ די געוואַלטטוער און דריקט אויס די איבערצייגונג, אַז יעדן פון זיי וועט טרעפן די נעקאָמע.

אָבער די אַרבעטער האָבן זיך ניט באַפרידיקט מיט בלעטלעך. זיי האָבן געוואָלט טאַט. דער טאַט האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט אין דער פאָרם פון אַ טעראָריסטישן אַקט — דערהאַרגענען פאָן־וואַלן און זיינע באַהעלפער. מיט זיין בלוט אָפּוואַשן די בלוטיקע באַליידיקונג.

מע פאָדערט באַם ס.־ד־קאָמיטעט, ער זאָל אָרגאַניזירן דעם אַקט.

דער קאָמיטעט זאָגט זיך אָפּ. די ס.־ד איז קעגן אינדיווידועלן טעראָר. אַף געוואַלט־טאַטן ענטפערט די ס.־ד. מיט פאַרשטאַרקן דעם אָרגאַניזירטן מאַסן־קאַמף.

די מאַסע וויל דאָס ניט פאַרשטיין. דער סטיכישער צאָרן איז שטאַרקער ווי אַלץ. מע פאָלגט ניט דעם קאָמיטעט.

עס בילדעט זיך אויס אַ גרופּע אַרבעטער — 4 אידישע, 2 פּויי־לישע. זיי זאַמלען געלט אַף אַ קאָנספּיראַטיוון ציל. אַלע פּראָפּאַר־איינען גיבן געלט. מע קויפט געווער. מע הויבט אָן נאָכשפּירן וואַלן טריט באַ טריט. ס'זיינען צעטיילט צווישן דער גרופּע די ערטער, וואו מע קאָן טרעפן וואַלן. זיי שטייען און לויערן אַף אים טאָג און נאַכט.

די אָפענע נעקאָמע־שטימונג פון דער מאַסע איז פאַר קיינעם ניט קיין סאָד. די פּאָליציי הויבט זיך אָן אָנצושטויסן, אַז עפּעס גרייט זיך. דעם 27־טן אַפּריל ווערט שוין פון זובאַטאָוון געשיקט אַ טעלעגראַמע, אַז אַ גרופּע פון 8—9 אידן און פּאָליאַקן גרייטן אַ טעראָריסטישן אַקט אַף וואַלן.

מע שיקט אַ ספּעציעלן אַגענט פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אָפּהיטן וואַלן און אַנטפּלעקן די טעראָריסטן.

דעם 5־טן (18־טן מאַי) אין אָוונט, בשעת וואַל איז אַרויס־געגאַנגען פון צירק, האָט אַ יונגער אידישער אַרבעטער צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין אים און האָט אים פאַרוואונדעט. פון האַמוין האָט

געשאָסן נאָך איינער. יענעם האָט מען ניט געכאַפּט. דער ערשטער איז געווען דער שוסטער־אַרבעטער הירש לעקערט.

פאָן־וואַל האָט באַקומען אַן „אַלערהעכסטע“ טעלעגראַמע, 16 טויזנט רובל אַ מאָטאָנע. זיין וואונד איז געווען אַ נישטיקע. ער איז אינגיכן געזונט געוואָרן.

הירש לעקערטן האָט מען געמישפּעט מיט קריגס־געריכט — און דעם 28־טן מאי (10 יוני) האָט מען אים אויפגעהאַנגען אַפן מי־ליטערישן פעלד הינטער ווילנע.

V

מיר האָבן שוין געזאָגט. די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטיע איז געווען קעגן אָרגאַניזירן טעראָר אַקעגן יעכידים. די
קאָמוניסטן האַלטן אויך, אַז אַקעגן די געוואַלט־טאַטן פון דער
קאַפּיטאַליסטישער מלוכע דאַרף מען קעמפן ניט מיט טעראָר קעגן
איינצלנע פּערזאָנען, נאָר מיט וואָס ברייטער, וואָס טיפער
אָרגאַניזירן דעם קאַמף פון די מאַסן קעגן דער גאַנצער אָרדענונג.
די קאָמוניסטן גרייטן צו מאַסן־אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער.
זיי גרייטן זיי צו אַ באַוואָפנטן מאַסן־אויפשטאַנד. זיי האַלטן, אַז
פּערזענלעכע טעראָריסטישע אַקטן ציען נאָר אָפּ די קרעפטן פון
די אָרגאַניזאַציעס פון דער מאַסן־אַרבעט.

גאָר אַן אַנדער זאַך איז יענער מאַסן־טעראָר, דער רויטער
טעראָר, וועלכן ווענדעט אָן אַקעגן דער בורזשואזיע די קאָמוניס־
טישע פּאַרטיי אין דער צייט פון איבערנעמען און באַפעסטיקן די דיק
טאַטור אין די הענט פון אַרבעטער־קלאַס.

אָבער די מאַסע האָט נאָך פאַן־וואַלס מאיסים ניט געקאָנט
באַנעמען אַזעלכע זאַכן. זי האָט זיך געריסן צו נעקאָמע. און לע־
קערט איז ניט געווען קיין טעאָרעטיקער. ער איז געווען אַ איינפאַ־
כער מאַסן־מענטש, אַ פּאָשעטער מאַסן־אַרבעטער. ער האָט אַפילע
ניט געקאָנט ניט לייענען, ניט שרייבן. ער איז געווען די שטים פון
דער מאַסע, ער איז געווען איינער פון די טויזנטער אידישע אַרבע־
טער, וואָס זיינען אין יענע יאָרן דערוואַכט געוואָרן פון הונדערט־
יאָריקער שקלאַפעריי, וואָס האָבן דערפילט זייער מענטשלעכן

שטאָלץ און האָבן זיך ניט געוואָלט לאָזן באַליידיקן.

דער אַגענט פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט מענשטשיקאָוו האָט געשריבן נאָכן אַקט: „אַלס סוויווע, וועלכע האָט צוגעטראַכט דעם אַטענטאַט—דאַרף מען אייגנטלעך אָנערקענען דעם גאַנצן רע־וואָלוציאָנערן טייל פון אידנטום, סײַ פון ווילנע, אַזוי אויך פון די שכיינעסדיקע שטעט, וואָס האָט ווי איין מענטש אויפגעפלאַ־קערט מיט האַס צו פאָן־וואַלן...“

לעקערט איז געווען אַ פונק פון דעם פלאַקער.

אַ באַשיידענער אַרבעטער, אַן אומגעבילדעטער, אַן אַנאַלפאַ־בעט. אָבער פיל מיט ליבע צו זיין קלאַס, פיל מיט מסירעס־נעפעש פאַר זיינע כאַוויירים. ער קאָן ניט לייענען, אָבער ער רייסט זיך צו פּראָלעטאַרישן באַוואוסטזיין. ער פאָדערט, מע זאָל אים לייענען די אומלעגאַלע ליטעראַטור, און שלינגט די ווערטער וועגן רעוואָ־לוציאָנערן קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס, וועלכע זיינען פאַר אים הייליק. מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז ער האָט אין 1900־טן יאָר בערוויש פון 500 אַרבעטער באַפרייט דריי אַרעסטירטע כאַוויירים. דערנאָך, מיט דער גרעסטער סאַקאָנע פאַר זיך, באַפרייט ער אַ קראַנקן אַרעס־טירטן פון שפּיטאָל. שפּעטער אַרעסטירט מען אים. ער ווערט אַרויס־געשיקט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, פון דאָרט אַנטלויפט ער און קומט קיין ווילנע, קדיי אָפּצוגעבן זיין יונג לעבן פאַר דער זאַך פון נע־קאָמע.

פיל איידעס דערציילן, ווי אַזוי ער האָט זיך געהאַלטן אַפן געריכט און אונטער דער טליע. רואיק, פול מיט שטאָלץ. ער האָט אָפן אָנערקענט, אַז ער האָט געוואָלט הארגענען וואַלן. מע האָט אים געפּייניקט מיט פאַרהערן, ער זאָל אַרויסגעבן זיינע כאַוויירים. מע האָט אים צוגעזאָגט פרייהייט. קיין איין וואָרט האָט מען פון אים ניט אַרויסגעריסן.

— ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ העלד—האָט מיט טרערן דערציילט אַ רוסישער אָפיציר, וועלכער איז אין דער נאַכט געוועזן באַ דער טליע.

וועגן זיין רואיקייט און קאַלטקייט פאַרן טויט גיט איבער אויך אַ העברעאישע דערציילונג, וועלכע איז אין יענער צייט אָפּגע־דרוקט געוואָרן.

אַ קינד פון דער מאַסע—דער נייער אידישער אַרבעטער—אַ באַשיידענער אַרבעטער־העלד—דאָס איז געוועזן הירש לעקערט, און דערמיט איז ער אונז נאָענט און טייער.

ווי אַ שטראַל ליכט האָט אַריינגעשיינט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון טכום, ווען די בסורע וועגן לעקערטס טאַט האָט זיך פאַנאַדערגעטראָגן. ווי אַ שטיין האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון אַלעמענס הערצער. אַלע האָבן דערפילט, אַז די שענדלעכע באַליי־דיקונג איז אָפּגעוואַשן, אַז דער קאָרבן איז ניט אומזיסט. און אַפילע דער קליינבירגער האָט געמוזט אָנערקענען:

—מיט די אַרבעטער טאָר מען קיין קאַטאָוועס ניט טרייבען.

דעם, ווער ס'האָט ניט איבערגעלעבט יענע יאָרן, איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי ליב, הייליק און טייער לעקערט איז געוואָרן יעדן אידישן אַרבעטער. ניט נאָר אין רוסלאַנד—אין גאַליציע, אין אַמעריקע—אומעטום האָט זיך געטראָגן די בסורע וועגן נייעם אַר־בעטער, וועגן אידישן אַרבעטער, וואָס לאָזט זיך ניט באַליידיקן, וואָס ענטפערט אַף באַליידיקונג מיט געווער אין דער האַנט. מע האָט געדאַרפט זעען מיט די אייגענע אויגן דעם פ ר י ע ר ד י ק ן, דעם אַ ל ט ן אידישן אַרבעטער, קדיי צו באַנעמען יענע איבערקערעניש, וועלכע דער רעוואָלוציאָנערער קלאַסן־קאַמף האָט אין אים געמאַכט. מע האָט געדאַרפט אַליין געדענקען זיך, ווי אַן אמאָליקן שקלאַף, ווי אַ וואָרעם אין שטויב, קדיי צו פאַרשטיין, וואָס עס האָט אויס־געדריקט פאַר יעדן אידישן אַרבעטער הירש לעקערט.

אין דער פּראָקלאַמאַציע, וועלכע ס'האָט נאָך לעקערטס טויט אַרויסגעלאָזט דער פאַראייניקטער קאָמיטעט פון די ווילנער אָרגאַניזאַציעס פון „בונד“, פון דער ס.־ד. פון פּוילן און ליטע און פון דער ליטווישער ס.־ד. פּאַרטיי, שטייען פאָלגנדיקע גוויאישע ווערטער:

„כאַוויירים, ברידער! אונז וועלן דאָך ניט אָנשרעקן די טליעס און די שמיז, ווי ס'האָבן אונז ביז איצט ניט געשראָקן די טפיסעס און סיביר. מיר וועלן קעמפן ביז ס'וועט אונטערן דראַנג פון אונזערער אַלגעמיינע און איינהייטלעכע קרעפטן ניט פאַלן דער ביניען פונם אַלרוסלענדישן דרוק, ווילקיר און געוואַלט—די צאַרישע זעלבסטהערשונג. זאָל אונז באַגייסטערן דעם ביישפּיל פון אונזער כאַווער לעקערט!

זאָל פאַר אונז הייליק זיין דער אָנדענק פונם אידן־אַרבעטער, וועלכער האָט מאַקריוו געווען זיין לעבן פאַר דער אַלגעמיינער זאַך! זאָל זיין אָנדענק אונז באַגייסטערן אין דעם ווייטערדיקן אקשאָנעסדיקן קאַמף; זאָל דער דאָזיקער אָנדענק לעבן אין אונז ביז יענער צייט, ווען ס'וועט פאַלן די פעסטונג פון דער זעלבסטהערשונג,—ווען מע וועט קאַנען אים אָפּגעבן די באַערונג, וועלכע ער האָט קאָשער פאַרדינט מיט זיין פּריצייטיקן טויט צוליב דער פּאַרטיידיקונג פון אונזער באַליידיקטער ערע, פון אונזערע געשענדעטע רעכט“*).

*) איבערזעצט פון רוסישן טעקסט.

VI

די נוויעס איז מעקויעם געוואָרן. די טליעס און ריטער האָבן
ניט אָפּגעשראָקן די ארבעטער. פון שמיץ איז די צארישע רעגירונג
אריבער צו פּאָגראָמען. אין א יאָר ארום איז שוין פּאָרגעקומען
דער בלוטיקער קישיניעווער פּאָגראָם, צוגעגרייט דורכן מיניסטער
פּלעווע. אָבער אויך פּאָגראָמען האָבן ניט געהאָלפן. די רעוואָלוציאָ־
נערע באוועגונג איז געוואקסן אין דער טיף און אין דער ברייט.

אונטערן סטיכישן דראנג פון דער מאסע האָט זיך דער
„בונד" אף א קורצע ווײַלע א וואקל געטאָן אין דער פראגע וועגן
טעראָר. זײַן 5־טע קאָנפערענץ זומער 1902 האָט באוויליקט די
„אָרגאניזירטע נעקאָמע". סאַי „איסקרא", אזוי אויך דער אויסלענ־
דישער קאָמיטעט פון „בונד" האָבן אויפגעהויבן אקעגן דעם באשלוס
א קאַמף, און דער 5־טער צוזאמענפאָר פון „בונד" האָט אים אָפּ־
געשאפט.

די רעוואָלוציאָנערע קאמף־שטימונג האָט געפונען אנדערע
פאָרמען פון פארהיטן די ווירדע פון די ארבעטער. מע האָט אָנגע־
הויבן ארויסגיין אף דעמאָנסטראציעס באוואָפנטע. ס'האָבן זיך אין
אַלע אָרגאניזאציעס אויסגעבילדעט שטארקע באוואָפנטע אָפּטיילן
(„באָיעוואָי אָטריאד", „ב'א", ווי דאָס פלעגט הייסן), וועלכע פלעגן
אָפּהיטן די פארזאמלונגען און גיין פאָראויס אין די דעמאָנסטראַצ־
יעס. אף די פּאָגראָמען איז דער ענטפער געווען—מאסן־זעלבסטשוץ.

מאסן־שטרייקן, מאסן־ארויסטרעטונגען, אָרגאניזירטער קאמף
פון גאנצן ארבעטער־קלאס—דערמיט האָט דער מארקסיסטישער

אוואנגארד פון ארבעטער־קלאס געענטפערט אף די געוואלט־טאטן און פארפאלגונגען.

יארן זיינען אוועק. געפאלן איז די פעסטונג פון דער זעלבסט־הערשונג אין רוסלאנד. געפאלן איז מיט איר אויך די מאכט פון דער בורזשואזיע. די רויטע פאן פון דער פראלעטארישער דיקטאטור וויעט איבערן אמאליקן צארישן רוסלאנד. פארשוואונדן איז די נאציאנאלע אונטערדריקונג. ווי גלייכע צווישן גלייכע שטייען די אידישע ארבעטער מיט זייערע רוסישע, אוקראינישע, ווייסרוסישע און פוילישע כאוויירים בא דער מלוכע־בויאונג, בא דער מלוכע־פארטיידיקונג. פארשוואונדן זיינען די באזונדערע נאציאנאלע אר־בעטער־ארגאניזאציעס; וועלכע זיינען אויפגעקומען דאמאלס, ווען דער פראלעטאריאט איז נאך געווען אפגעשטאנען. ניטא מער אין רוסלאנד קיין באזונדער „בונד”. די אידישע ארבעטער שטייען אונ־טער איין פאן, אין די רייען פון דער איינהייטלעכער קאמוניסטישער פארטיי, צוזאמען מיט זייערע איבעריקע כאוויירים.

די נעוויעס איז מעקויעם געווארן. די ארבעטער, פויערים, רויטארמייער פון אלע נאציעס האלטן הייליק דאס אנדענקען פונם אידישן ארבעטער, וועלכער האט מאקריוו געווען זיין לעבן פאר די אינטערעסן פון ארבעטער־קלאס. מע האט אים געהאנגען אין א פינסטערער נאכט, מע האט אפגעמעקט פון דער ערד זיין קייווער. אבער זיין אנדענקען לעבט אין די הערצער פון די ארבעטער־מאסן צוזאמען מיטן אנדענקען פון די אלע, וואס זיינען געפאלן פאר די באפרייאונג פון דער מענטשהייט. דעם ארימען, רעכטלאזן אידישן שוסטער־ארבעטערס דענקמאל וועט שטיין אפן ארט, וואו ס'איז געשטאנען דער צעשטערטער דענקמאל פון זעלבסטהערשנדיקן קייסער.

הירש לעקערט האט געזיגט. די אקטאבער־רעוואלוציע האט כאר אים נעקאמע גענומען.

***

יונגע ארבעטער, אונזער קאמף איז נאָך ניט געענדיקט. שווער איז נאָך אונזער וועג. שטארק זיינען נאָך אונזערע סאָנים. אין די טפיסעס פון אייראָפּע און אמעריקע מאַטערן זיך נאָך די קעמפּער פאַרן קאָמוניזם. עס גיסט זיך נאָך בלוט, הייליק בלוט פון ארבעטער, וואָס פאַלן אין קאמף. אויך אין ווילנע, אין יענער שטאָט, וואו ס'איז געפאַלן לעקערט, הערשט נאָך די פּריצישע קאָנטר־רעוואָלוציע.

א סאך דאַרף מען נאָך קעמפן. א סאך קעמפער וועלן נאָך דאַרפן אומקומען, ביז וואַנען דער ארבעטער־קלאַס וועט זיגן אף דער גאַנצער וועלט.

יונגע ארבעטער! ווען אף עמיצן פון אייך וועט עפּעס פאַלן דער גורל אומצוקומען פאַרן קאָמוניזם, זאָלט איר געדענקען: ניט אומזיסט וועט פאַרגאָסן דאָס בלוט פון די, וואָס זייגען מאַק־ריוו זייער לעבן פאַרן אַרבעטער־קלאַס. אַנדערע דערפירן זייער זאך ביזן סאָף. ניט אומזיסט זיינען אומגעקומען די פראַנצויזישע קאָ־מונאַרן ניט אומזיסט זיינען אומגעקומען די טויזנטער מארטיריער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ניט אומזיסט איז אויך אומגעקומען הירש לעקערט. זאָלן אייך באַגייסטערן · די אַלע ליכטיקע געשטאַלטן. לערנט זיך בא זיי—ווי אזוי מע דאַרף זיך מאַקריוו זיין פאַרן עמעס, פאַר די אינטערעסן פונם ארבעטער־קלאַס, פאַרן גליק פון די קו־מענדיקע דוירעס.

לערנט זיך פון זיי צו לעבן, צו קעמפן, צו פאַלן אויב מע דאַרף—און—צו זיגן!...

פארלאג פון צ. ק. פון רוסל. קאמוניסטישן יוגנט-פארבאנד

# ביבליאטעק „יונג-וואלד".

## דערשינען:

1. **עסטער.** הירש לעקערט.
2. **י. דאברושין.** גאַס דער פייער.
3. **ד. קאסעל.** מייערקע פון „קליינעם בונד" (באארבעט און אילוסטרירט)

## גרייט זיך:

1. **י. צעטלין.** 3 סענטיאבר (צום אינטערנאצ. יוגנט-טאג).
2. **צעשטערן און בויען!** (פון כיידער צו דער סאציאליסטישער שול)

זאמלבוך:

מוני. אין קלעם פון דווירעס.

י. נוסינאוו (יונגער) צום אנגריף.

י. סעבעל. די שול פון מארגן.

---

צום 15 אווגוסט דערשיינט

א ספעציעלער נומער אין אידיש פון

# „יוגנט אינטערנאציאנאל"

ארגאן פון א. ק. פון יוגנט-קאמאינטערן.

---

אין גיכן דערשיינט
נומער 1—2
פון ליטעראריש- קינסטלע-
רישן און פאפולער-וויסנ-
שאפטלעכן זשורנאל

# יונג-וואלד.

דער זשורנאל איז באַ-
שטימט פאר די ברייטע
שיכטן פון ארבעטער-יוגנט.
צום אנטייל זיינען צוגע-
צויגן אנגעזעענע ליטער.,
געלערטע און קינסטלער.

---

מיט אנפראגעס זיך ווענדן: מאסקווע, וואזדוויזשענקע 10, צ. ק. ר. ק. י. פ.,
צ. ב. אידסעקציעס.

